קלמן סעגאל

# צו מיין נייער היים

פּאָעמעס און לידער




פארלאג „יידיש בוך“ ווארשע 1953

K. SEGAL

MÓJ NOWY DOM
(Poematy i wiersze)

Redaktor: L. OLICKI
רעדאקטאָר: ל. אָליצקי

Okładkę projektował: I. REJZMAN
הילע געצייכנט: י. רייזמאַן

Printed in Poland

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa, Nawogrodzka 5

Nr zam. 1231. Nakład 5,600 egz. Druk ukończono w grudniu 1953 r.
Ark. druk. 3,5. Ark. wydawn. 2. Papier druk. sat. V kl. 61 x 86, 70 g.
Druk RSW „Prasa", Warszawa, ul. Tarczyńska 8. 4-B-55553

# צו א נייער היים

## פּאָעמע

געווידמעט די יידישע פּויערים
פון פּראָדקאָאָפּעראַטיוו אין קידליו

### א.

### אהיימקער

סע טראָגן זיך באַנען, סע יאָגן זיך באַנען
פון טולע, קאַלוגע, פון סטעפּ קאַזאַכסטאַנער.

סע זשומען די רעדער פון די עשעלאָנען.
סע רויטלען זיך בלומען אויף די וואַגאָנען.

א טומל, גערודער — אַ וואָרע, א וואָרע:
סע פאָרן די יידן פון הייסער בוכאַרע.

סע פאָרט און מע פרייט זיך, די בענקשאַפט ווערט גרעסער.
און אומרו פאַרשפּרייט זיך אין מענטשלעכע הערצער.

מען בענקט צו די היימען אין שטעטלעך אין פוילן.
הייבט עמעץ אָן וויינען: אַז אַש און אַז קוילן...

און אויב ס'איז אַזוי, איז צו וואָס־זשע דאָס גאָרן?
דאָס פאָרן און רוישן פון מזרח אויף מערב?

סע פליסן די טרערן, און טרוימען זיך רייסן.
ס'געמיט ווערט אלץ שווערער. ווו נעמט מען א טרייסט איצט?

ווערט שטיל. מען פארטראכט זיך אין האפנונג און ווייטיק,
און יעטוועדן האכט זיך: קיין סוף האט די צייט נישט.

עס וואלט זיך געפלויגן פון פייגל געשוויגדיקער
מיט אייגענע אויגן דערזען שוין די קינדער...

דאס הארץ — עס וויל שוועבן מיט ווינטן צוזאמען:
און אפשר איז לעבן געבליבן די מאמע?...

עס קייקלען זיך רעדער, זיך קייקלען און זשומען.
(צו וואס וועל איך קומען? צו וואס וועל איך קומען?...)

## ב. האפנונג

געווים איז נישט איינעם היינט שווערלעך
מיט דאזיקער ערד זיך צו שיידן.
מע טראכט, אז ס'איז אפשר געפערלעך
דער אומקער, פארבונדן מיט ליידן.

מע ווייסט, ס'איז די היים א צעשטערטע,
און ס'וואקסט אפשר ווידער די שנאה,
און ס'וואקסט דארט דער טרויער אויף ערטער,
ווו ס'אייגענע בלוט איז גערונען.

מע פארט, מ'איז פארזונקען אין זארגן,
די בענקשאפט זיך פלאנטערט מיט וואקלונג.
נאר ס'ברענט אין די הערצער פארבארגן
די האפנונג מיט ליכטיקע פאקלען.

הייבט אן עמעץ זאגן זיין מיינונג —
איז נייגט מען צום טרייסטווארט און אויער:
— סע וועט נאך די זון פאר אונדז שיינען,
נישט אלץ איז נאך, ברידער, פארלוירן.

— דער אַלטער רעזשים איז נישטאָ שוין,
געשטיצט אויף דער ביקס און נאַהייקע.
פאַראַן היינט אַן אַנדער מין לשון
אין היימלאַנד אין אונדזער באַפרייטן.

געווים — עס איז שווער אומגעהייער
אויף חורבות אַ היים צו באַנייען;
נאָך שווערער וועט זיין פון דעם טרייער
דאָס אייגענע האַרץ צו באַפרייען.

נאָר ווער ס'האָט דערלעבט ביז אַצינדערט,
זאָל זען די קייט פון די דורות,
און ס'מוז זיך די האָפענונג צעצינדן,
ווי טויזנטער העלע מנורות.

דאָס פאָלק וועט זיין גאָלדענעם חלום
פון איין דור פאַרוועבן צום צווייטן
און טראָגן פאַרקריצט אין זכרון
דעם גורל פון פאַרגאַנגענע צייטן.

עס מוזן זיך הערצער איצט שטאַרקן,
עס זאָלן זיך היילן די וואונדן —
מיר וועלן ביי אָפענע קורקעס
זיך שווערן: עס וועט זיין פאַרבונדן

אַ יעטווועדער שמייכל פון פּנים,
אַ יעטוועדע אונדזערע שטרעבונג
מיט אייביקן האָס צו די שונאים,
מיט המשך פון פאָלק און מיט לעבן.

## ג. ס'וועט זיגן דער יושר...

געליבטע, איך קוש דיינע אויגן,
וואָס זענען מיט טרערן פאַרלאָפן.
מע טאָר נישט פאַרלירן דעם גלויבן,
מע דאַרף אים פאַרהיטן און האָפן.

אין שטורעמס צעבראָכן זיך צווייגן,
מיר מוזן זיין שטאַרקער פון ווינטער.
מיר ציען אַהיים איצט, ווי פייגל —
די נעסט האָט דער שונא צעשפּליטערט.

מיר וועלן ערשט לערנען זיך האַסן
ביי אָפענע הפקרע גריבער.
ווישט אויס דיינע אויגן די נאַסע —
מיר האָבן אויך הערצער צום ליבן.

מיר האָבן אויך הערצער צום טרייסטן,
מיר איבערגעבליבענע ייִדן,
מיר וועלן דעם הייליקן טרויער
אין הייליקע ווערק איבערשמידן;

פאַרשאָלטן זאָל ווערן אויף תמיד
די האַנט וואָס צו מאָרד וועט זיך הייבן!
די דורות, וואָס וועלן נאָך קומען,
אין פרידן און פרייד זאָלן לעבן.

פאַרליר נישט דעם גלויבן אין גוטן,
הגם האָסט האָס ערגסטע דערקענט שוין;
באַטש ס'איז נאָך די ערד אַלץ פאַרבלוטיקט —
וועט זיגן דער יושר ביי מענטשן.

### ד. דער וועג צו דער היים איז אַ ווייטער...

דער וועג צו דער היים איז אַ ווייטער,
דורך שטעט און דורך דערפער פאַרבריענטע.
עס קוקן די אויגן מיט ווייטיק
אויף חורבות פון היימען פאַרלענדטע.

מיין אויג האָט מיט ציטער דערקענט דאָ
דעם שפור פונעם פיינטלעכן שטיוול.
געשטאַנען איך בין א פארשעמטער
אנטקעגן די זעלנערשע גריבער.

ווייל דעמלט, ווען ס'האָבן דאָ העלדן
געגוססט אין טויטלעכע קראמפן,
האָב איך אויף סאראטאָווער פעלדער
דערוויטערט פון גרויזאמע קאמפן.

געלערנט באנעמען און ליבן
די גרינע די סטעפיקע שטחים,
דאָס לעבן אין דאָרפישע שטובן,
דעם זוניקן שטראל פון בטחון.

עס זענען פון ווייט בלויז דערגאנגען
פון סטאַלינגראד־פעסטונג די עכאָס.
דער ווינט האָט געטראָגן די קלאנגען
פון זיג... אומפארגלייכלעכער עפאָס!

איך פאָר צו מיין היים, וואָס באפרייט איז
דורך קראפט פון סאָוועטישן אָרעם.
נאָר ס'איז א פארשטערטע מיין פרייד איצט:
כ'זע חרובע היימען און קברים.

נאָר כ'זע: עס גייט אויף האָך א וואונדער
אין לאנד, וווּ די ערד האָט געטרויערט!
עס שיינט שוין דער שמייכל פון קינדער.
און חרובע היימען זיך בויען.

איך ווייס — אויך אין אונדזערע היימען
א פרייד וועט אויפסניי זיך פארוועבן.
א טרייסט וועט אויף אונדז זיך צעשיינען.
און ס'וועט זיך צעבליען דאָס לעבן.

## ה. באגעגעניש

ס׳איז חוקא געבליבן א גאנצע
מיין היים פון אמאָל ביז אצינד.
אין גאָרטן, וואָס איך האָב געפלאנצט אים,
עס שפילט אויף די בלעטער דער ווינט.

ביים פענצטער די שוועלבעלעך שוואַרצע —
צו אייך כ׳האָב כבוד געבעטן...
און בוריק, דער פריינד מיינער, האַרציק
צעבילט זיך און קושט מיר די הענט.

און אלץ איז אזוי, ווי געווען איז,
די זון, און דער ברונעם, און ס׳פעלד.
פון אמאליק, וואָס נאָר־וואָס געשען איז,
דערציילט מיר דאָס אַלץ, וואָס עס פעלט...

עס הענגט נאָך אין פענצטער דער אומעט,
איך הער נאָך דאָס לעצטע געוויין —
אַוועק איז אויף תמיד, אויף תמיד,
אין רויך מיין געליבטערס געביין.

די שכנים פאַרחידושטע קוקן,
קיין איינער האָט מיך נישט דערקענט —
ס׳דערנענטערט צו מיר זיך א זקן
און שטרעקט צו מיר פריינדלעך די הענט:

— „ווער ביסטו, דו פרעמדער, דערצייל אונדז,
מיר וועלן דיין ווייטיק פאַרשטיין
און זוכן מיר וועלן א היילונג,
די זאָרג זאָל פאַרשווינדן, פאַרגיין...

און אויב דו ביסט היימלאָז און איינזאם,
דו וועסט אונדז נישט פאַלן צו לאַסט.
פאַרבלייב און אין פרידן, געמיינזאם
לעב־מיט מיט אונדז, עלנטער גאַסט...״

נאָר מיר איז דאָ שווער צו פֿאַרבלייבן,
עס נאָגט דאָס האַרץ און ס'טוט וויי.
אַ בלוטיקער ריס איז אין לייב מיר
דער עבר, סע שטיקט אַ געוויין.

## ז. מענטשן פֿון וואָקזאַל

און וויהער זיך ראַיען די מענטשן אויף סטאַנציעס,
צעחושטע, פֿאַרזאָרגטע, זיי זוכן אַן עצה:
אַוווּ זיך באַזעצן? אַוווּ זיך פֿאַרפֿלאַנצן?
פֿון יאַכיקן וואָגל באַפֿרייען די פּלייצעס?

און ס'ראַיען זיך מעקלערס, און טוערס זיך ראַיען
און זייען אַ פּחד און זייען אַן אימה,
און בלאָזן פֿאַנאַנדער פֿאַרצווייפֿלונג און טרויער,
און טרייבן די מענטשן אַרויס פֿון די היימען.

האָס זוכן די סוחרים, געוווינטע צו האַנדלען
מיט אַלץ, וואָס דערטראָגט זיי דעם קלאַנג פֿון רווחים.
זיי זענען פֿאַרליבט שוין אין וואָגל און וואַנדער
און ווי די שאַקאַלן זיי זוכן און גנבֿען.

זיי דרייען אַרום זיך אויף פֿולע וואָקזאַלן
און שעפּטשען פֿון ווייטע מדינות, פֿון רייזעס,
און דראָען מיט אומקום און נייע געפֿאַרן —
זיי רעדן מיט האַס, און דאָס וואָרט זייערס בייז איז.

נאָר פֿרעמד איז מיר יעטוועדעס וואָרט, וואָס זיי רעדן,
ווייל אויב צו מיין היימלאַנד געבענקט כ'האָב אומענדלעך,
ווייל אויב ס'איז פֿאַרביי שוין דער גרויל און די ליידן,
איז — בענק איך צו רו היינט און נישט צו קיין רעדלעך.

נישטאָ אַזאַ קראַפֿט היינט ביי קיינעם, ביי קיינעם,
וואָס זאָל מיך פֿון היימלאַנד פֿון מיינעם פֿאַרטרייבן.
אַזוי ווי פֿאַרוואָרצלט עס זענען די ביימער,
בין איך דאָ פֿאַרוואָרצלט און דאָ וועל איך בלייבן.

## ז. צו דער נייער היים

און איינמאָל געטראָפן כ'האָב עטלעכע יאַטן,
דערקענט אין זיי — אַרבעטער, פּראָסטע ווי איך.
חאָס פּנים באַוואַקסן. די קליידער אין לאַטעס.
פון וואַנדער — צעריסענע שיך.

מיר האָבן צערעדט זיך. מיר האָבן דערציילט זיך
פון זאָרגן, וואָס טוען אונדז יעטווידן וויי.
מיר האָבן מיט טרייסט און מיט האָפנונג געטיילט זיך.
געפונען איך האָב אין זיי — פריינד.

ס'איז איינער — א פּויער פון טיפן פּאָדאָליע,
וואָס קאָן זיך אין שטאָט נישט געפינען קיין אָרט.
אין שטעטישן טומל פאַרשעלט ער זיין דאָליע.
איך זע, ווי ער ליידט אָן א וואָרט.

דער צווייטער געווען איז א פישער ביים דניעסטער.
דער דריטער — א סטאָליער, דער פערטער א שמיד,
און אלע — ברייטפּלייציק, מיט אָרעמס מיט פעסטע. —
אין אויגן א בענקשאַפט זיך פינקלט און גליט.

מען בענקט צו א שטוב מיט א פרוי און מיט קינדער.
און ס'ווילט זיך דערפילן דעם טעם פון א היים.
די דאָזיקע בענקשאַפט, זי האָט אונדז פאַרבונדן,
און איך בין שוין מער נישט געווען אליין.

פאַרביי איז דער פרילינג, די צייט איז געפלאָסן.
מיר האָבן געשפּייזט זיך מיט וואַקלונג, פאַרדרוס.
און ענדלעך מיר האָבן צוזאַמען באַשלאָסן...
געקרעפטיקט די הערצער מיט אונזער באַשלוס:

גענוג שוין, גענוג שוין מיר האָבן געוואַנדערט,
שוין צייט זיך באַזעצן אויף היימישן פעלד —
און ס'וואַקסט זיך א קראַפט אין די הערצער פאַנאַנדער.
דער טאָג גייט אויף ליכטיק, א פרייד אין אים העלט.

און דאָס מאָל נישט לאַנג האָט געדויערט די רייזע
צום דאָרף, ווּ עס וואַרט אויף אונדז אַרבעט און רו.
די גאָלדענע לאַנקעס, די ליכטיקע הייזער
זיי לאַכן צו אונדז. אין אַ גליקלעכער שעה!

## ח. ליבע

וואָס רוישט דער וואַלד? וואָס איז דער זשאַוואָראָנעק אויסן?
דער ווינט צעשויבערט מיר די האָר און קילט דאָס פּנים.
טאָפּאָליעס — ווי די פּאַנעס, שטאָלץ מיט זייער אויסזען
ווייסע וואָלקנס איבער זיי, ווי ווייסע פּאַנען.

צוויט פון ליפּע שמעקט מיט זיסן טעם פון האָניק.
ס'דיישען אין דעם שאָטן קי מיט שווערע אייטערס.
אויגן האָט זי, די פּאַסטושקע, טיף ווי אַ דערמאָנונג.
שיק איך פון דער ווייט אַ קוש איר, לאַכט זי אַ דערפרייטע...

טראַכט איך: ענדלעך האָב איך מיר מיין ליבע שוין געפונען...
און שוין בין איך פאַר איר־עטוועגן גרייט אַפילו שטאַרבן.
שרייען די חברים — בייזע נישט־פאַרגינערס:
— שימען, ראָמאַנסיר נישט ווען עס וואַרט די אַרבעט...

ליפּט מען גיך פון פעלד אַראָפּנעמען די סנאָפּעס —
ס'קומט אַ שטורעם אָן, און ס'ציען טונקלע כמאַרעס.
טוליען זיך צוזאַם די זאַנגען אין די הויכע קאָפּעס.
און די כעוורע איילט זיך. אַ געשריי, אַ וואַרע...

אויסגעשטעלט ווי ריזן שטייען שוין די סטויגן.
מעג שוין איצט דער רעגן כליאַסטען אונדז אין פּנים.
זוך איך די פּאַסטושקע מיט די בלויע אויגן
און צעשמייכלט פּנים — עך, וואָס טו איך אָן איר?...

און אינמיטנדרינען ווערט דער הימל ליטער.
ס'טראָגט מיין מיידל מיר אַנטקעגן פרישע בלומען.
קוש איך אירע ליפּן, ווי די קאַרשן רויטע.
— ליבע מיינע, שיינע מיינע, דו ביסט מיין נשמה.

## ט. א בריוו

„... מיר זענען דאָ פערציק פאַמיליעס,
פאַרברידערט אין אַרבעט און מי.
מיר וווינען אין הייזער — ווי ווילעס.
אַרומעטום — בלומען אין בלי.

די ערד איז אַ פעטע און רייכע.
די שטאַל — פול מיט קי און מיט פערד;
און פול זענען אונדזערע שפּייכלערס —
די ווירטשאַפט צעוואַקסט זיך און מערט.

פאַרשטייט זיך, עס פעלט נישט קיין אַרבעט,
דער טאָג איז דאָ פּשוט צו קליין,
נאָר ליבעדיק איז ער און פאַרביק...
אַ, גלייב מיר — דאָס לעבן איז שיין.

און לעצטנס האָט אונדזער פאַרוואַלטונג
געקויפט נאָך אַן אַקער־מאַשין.
אַ שאָד, וואָס דו האָסט זיך פאַרהאַלטן
אין שטאָט, און נישט אין קעמלין...

און ווייסט? כ'האָב כמעט ווי באַשלאָסן...
איך האָב זיך מיט איר דאָ באַקענט...
די חתונה זיין וועט אין אָסיען —
איך האָב נאָך אַ היים זיך פאַרבענקט.

וואָס נאָך זאָל איך איצטער דיר שרייבן?
ס'גערעט דאָ אַלצדינג — אָן אַנטיק.
וואָלסט באַדאַרפט זיך אַהער איבערקלייבן.
דאָס אַלעס טייל איך דיר מיט...“

## י. שלום

מײַן זון װערט הײַנט אַלט שױן זעקס יאָר.
(װי שנעל עס אַנטלױפֿט דאָס די צײַט...)
איך גלעט זײַנע גאָלדענע האָר –
עס פֿײַכטן די אױגן פֿון פֿרײד.

נישט לײַכט איז געװען, נישט לײַכט.
און האַרט װי אַ ברעט איז מײַן האַנט,
נאָר כ'האָב מיט מײַן אַרבעט דערגרײכט,
דאָס אַלץ, װאָס מײַן האַרץ האָט פֿאַרלאַנגט.

אַ שטילע, אַ ליכטיקע הײם,
מיט װאַרעמע ליבשאַפֿט און זעט –
אַ, גלײב מיר, דאָס לעבן איז שײן,
שײן איז דער מענטש און די װעלט.

---

געבענטשט איז די פֿרײלעכע שעה,
װען ס'שמײכלען די קינדער אין שלאָף.
װער שטערן עס װעט אונדז די רו,
דעם װעט נישט פֿאַרמײַדן די שטראָף!

# הוטע אויפן נאָמען פון באַלעסלאַוו ביערוט

(ר ע פּ אָ ר ט אַ ז ש)

א.

## פאָלקס־מאָטיוו

אויף דער שוואַרצער האַלדע*
יאַרען** זיך די קוילן.
האַנדטקעס*** פירמע קיין פּרייסן
אונדזער שוויים פון פוילן.

ס'מערן זיך די שטיינער
אויף דער האַלדע, מערן.
שווער איז שטאָל און אייזן —
האַנדטקעס האַנט נאָך שווערער.

שפּילן אויף דער האַלדע
טויזנט בייזע שדים.
האַנדטקע און מאַדזשעיעוו**** —
שדים אַלע ביידע.

* אַן אויפגעשאָטן בערגל פון אויסגעברענטע ערדקוילן.
** טליען.
*** בערנאַרד האַנדטקע — א פּרייסישער פינאַנסיסט, וועלכער האָט אין יאָר 1896
געבויט די הוטע „טשענסטאָכאָווא".
**** מאַדזשעיעוו — אַן אַקציע־געזעלשאַפט אין סאָסנאָוויעץ־פוילן.

וואַקסן אַלץ די האַלדעס –
אונדזער בלוט איז ביליק.
האַנדטוקע האָט זיין טאָכטער
אַ מיליאָן געסילוקט.

שוואַרצלען זיך די האַלדעס
האַנדטוקעס טעכטער זינגען.
לאַכט דער רייכער האַנדטוקע –
זיינען מיר פאַר הונגער.

## ב. באַראַטונג

בלויער ציגאַרעטן־רויך
הייבט זיך אין ספּיראַלן
איבער קעפּ,
געבויגענע ביי פּלענער און מאַקעטעס.
אין פענצטער קוקט אַריין דער טאָג
מיט ערשטע שטראַלן.

מע רעדט מיט ציפערן
ס'הייבן זיך די ווערטער
ווי ראַקעטעס.

„... די ציפערן באַווייזן:
עס וואַקסט די אינדוסטריע,
עס וואַקסט די בויונג –
עס ווערט דאָס לאַנד אויף אונדזער אייזן.
מען קאָן אָן שטאָל נישט בויען”.

„... די חאַטע אונדזערע,
זי שטייט פון אַלטע צייטן.
אכצן זעקס און ניינציק איז די חאַטע.
אַ שווערער וועג געווען, אַ ווייטער...
זיינט זענען מיר דאָ באַלעבאַטים!”

„...נייע האלעס וועלן מיר חאָ בויען,
גרויסע, העלע,
טויזנט טאָן מאַשינען איינמאַנטירן,
און דאָרט —
נייע מארטען־אויוונס שטעלן
און אזוי ארום
קייפלען די פּראָדוקציע."

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

...אין דער אלטער הוטע פייפן סירענעס.
אויוונס פלאַמען.
ביים טויער טוישן זיך די וועכטער.
ס'גייט אויף א נייער טאָג,
אַ פּשוטער און ארבעטזאמער,
פּונקט ווי נעכטן, אייערנעכטן.

### ג. דאָס נייע

ס'בליצן שוין און פינקלען
שטאָלענע מאַשינען.
ס'ווערט די האלדע האנדטוקעס
אונדזער ווילן דינען.

ס'ברומט דער עקסקאַוואטאָר,
שטשירעט מיט די ציינער,
און הער בארג ווערט קלענער.
ווייניקער אלץ שטיינער.

ס'קלאַפּט דער שווערער באגער.*
ס'קרישלט זיך די האלדע.
ס'שטעקט אַ האלב יאָרהונדערט
אין אירע טונקלע פאַלדן.

---

* גראָבמאַשין.

ס'הארץ, ווען ס'איז באגייסטערט,
גיט די אָרעמס פייער.
אויף דער אלטער האלדע
הייבט זיך שוין דאָס נייע.

ד. פאַרזאַמלונג

„... חברים, איך בין נישט געלערנט,
מיין וואָרט איז העראפאר נישט קיין גלאַטי ס...
מיין יוגנט פארקויפט כ'האָב די הערן,
פונקט ווי מיין זיידע און טאַטע.

געשטאַנען, אין הונגער, האלב נאַקעט
ביים רויך און ביים פלאַם פונעם אויוון.
אָרום האָט א גיהנום געפלאַקערט.
די זון האָט געשמאַליעט פון אויבן.

נישט איינמאָל געפעלט האָט דער בימן,
און אַרבעט פלעגט פעלן נישט איינמאָל...
מיין הארץ איז ביז היינט נאָך פארביסן
און וועט עס נישט מוחל זיין קיינמאָל..."

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

„... און האָס וואָס מיר ווילן דערגרייכן, —
דאָס מוזן מיר איצט זיך פארדינען...
געווים וועט די אַרבעט זיין לייכטער,
ווען ס'וועלן שוין גיין די מאַשינען...

און ווילט איר, ס'זאָל ווערן וואָס שנעלער, —
איז טאָר מען די צייט נישט פארציען.
מיר דארפן א ציל פאר זיך שטעלן,
די אַרבעט פאַרענדיקן פריער..."

. . . . . . . . . . . . . . . .

„...איך האלט, אז די מיינונג איז ריכטיק
און אלץ איז פון אונדז בלויז געווענדיעט.
פאר יעדן פון אונדז איז האָך וויכטיק,
די בוי זאָל זיין פריער פארענדיקט...״

## ה. אַרבעטס־פאַרמעסט

שוואך איז דער מענטש, ווען ער איז איינזאַם,
נישטיק און קליין, — ווי אַ צווערג.
נאָר גייט ער מיט מאַסן געמיינזאַם —
אומשטערבלעך און גרויס איז זיין ווערק.

אַ קאַמפס־פעלד איז יעדע געביידע.
די קעלניע, דער האַמער — אַ שווערד.
האָט ווערק פון דעם מענטשן זאָגט עדות,
ווער ס׳איז אַ לויב־געזאַנג ווערט.

פון חורבות צו ליכטיקע הייזער
דער ווילן פון מענטש איז אַ בריק.
די קוימענס פון הויכע — ווי ווייזערס:
עס בייט נישט די צייט אויף צוריק...

איז וואָס, אַז די אַרבעט נאָך שווער איז, —
ביי אונדז האָט די אַרבעט אַ זין.
חברים, אַנו, ווער מאַכט מערער?
מיר זענען דאָך אַרבעטער־זין...

שטייט ווער אין אַ זייט און וויל פרעגן,
צי וואָס און וווהין דאָס געיעג?...
— דער צוקונפט מיר איילן אַנטקעגן
און לייגן פאַר גליק אויס אַ וועג...

## א מעלדונג

זעקס קוימענס זיך רויטלען צום הימל,
הויך איבער הארבסטיקע פעלדער.
ביים פארט־סעקרעטאר איינעם צימער
שרייבט מען פון בוי־פלאץ א מעלדונג.

עס וואקסט און צעקלינגט זיך דער קאבעל.
דער ווינט שפילט אויף אים זיינע מארשן.
ס'גייט איבער דער מארסע־אלפאבעט:
„צום חבר ביערוט קיין ווארשע...״

# אין א יידישער שטאָט

## פּאָעמע

### א.

#### דזשערזשאַניווער געסלעך

כ'האָב ליב זיך אַט דאָ צו פאַרהאַלטן.
די שטאָט איז פול סודות און סתירות:
די קלויסטערס און הייזער אוראַלטע
און — יידישע שפּראַך ביי די טירן;

די מויערס פון אַלטקייט פאַרשימלט,
ווי ריטערישע אַלטע געשפּענסטער,
און האָ שטייט אַ זקן, אין תפילה
פאַרזונקען, ביים אָפענעם פענצטער;

אַט הערסטו אַ שטים אַ באַקאַנטע
מיט מאַמעשע פּראָסטע געפילן:
„אבֿרהם, פאַרקנעפּל דעם מאַנטל,
דו וועסט זיך, חלילה, פאַרקילן...";

די פענצטער פון שול זענען אָפן,
ס'הערשט דאָ אַן ערנסטקייט שטילע.
ס'האָט מיך ווי אַ שמייכל געטראָפן —
מיין ליד, רעציטירט פון אַ שילער.

אין קלוב שפילט אַ פרוי אויף דער פּיאַנע.
איך האָב זי שוין ערגעץ באַגעגנט...
— ביסטו עס מיין שוועסטער שולמית?
שולמית, איך גיי דיר אנטקעגן...

## ב. שוברטס סערענאַדע

ביסטו עס מיין שוועסטער שולמית
מיט אויגן מיט הייסע ווי פייער?
אַ מיידל? אַ פרוי שוין? אַ מאַמע?
איך ווייס בלויז — ביסט ליב מיר און טייער.

איך ווייס, אַז פאַר מיר האָט געשפּילט היינט
דיין האַרץ אויף די סטרונעס פון פידל.
אין שוברטס מוזיק כ'האָב דערפילט היינט
די יונגשאַפט און ליבע און לידער.

„...דורך נאַכט און דורך ווינט מיינע לידער...”
ווי שיין איז די שפּראַך פון די סטרונעס!
שולמית, כ'וויל זיין דיר אַ ברודער —
שולמית — מוזיק און נשמה.

## ג. דערמאָנונג

איך בלאָנקזשע דורך שטאָטישע געסלעך,
עס קלינגען די יידישע ווערטער,
כ'דערמאָן זיך די היימישע ערטער,
וואָס ליגן אין האַרץ אומפאַרגעסלעך.

געדענקסט אים, שולמית, דעם אַלטן
מלמד אין קלויז ביי דעם לערנען?
מיר פלעגן אים אָפטער דערציילן,
ביים פריץ אין סאָד זיך באַהאַלטן...

און אפשר געדענקסטו די כּעוורע
ביים שפּילן באַנדיטן־זשאַנדאַרמען?
מיר פלעגן אַמייניסטן האָרט ליאַרמען,
און דיך פלעגט מען רופן „דער וועווריק”...

און דו ביסט געווען די שענסטע,
מיין יידישע שטאָלציע פּרינצעסין.
איך האָב נאָך ביז היינט נישט פאַרגעסן,
ווי וואַכן איך פלעג ביי דיין פענצטער.

מיר גייען היינט ווידער געאַרעמט,
ס'באַשטראַלן מיך ווידער די אויגן.
דו לאַכסט, אַז כ'בין אַלט שוין, געבויגן,
די שלעפן אין זילבערנע פעדעם...

ד.

דו לאַכסט, ווען איך רוף דיך פּרינצעסין,
און זאָגסט: איך פאַרמאָג בלויז די פידל —
און איך האָב נישט מער ווי די לידער,
און האָס זענען אונדזערע שלעסער...

דיין פידל, מיין פען — זענען שליסל,
שליחים מיט ליבשאַפט באַפליגלט.
זיי נעמען איין הערצער און זיגן
און פאַרעמען ס'מענטשלעך געוויסן.

געליבטע, די וועלט שטייט איצט אָפן
מיט טויזנטער פרײדן און שמייכלען.
אָ, כ'ווייס, אַז מיר וועלן דערגרייכן
דאָס שיינע, צו וועלכן מיר האָפן.

מיט ליד און מוזיק און מיט גלויבן
מיר גייען דעם פרילינג אנטקעגן.
דאָס גליק איז אין אונדז און דערנעבן,
די זון שטראַלט מיט פרייד פון אויבן.

מיט ווערטער און קלאַנגען באַוואָפנט,
מיר דירן די וועלט פון פונדאַמענט.
מיט לידער און ליבע, שולמית,
מיר גייען אנטקעגן דער צוקונפט.

## ח. שולמית די ליבע

כ׳געדענק, כ׳האָב געזוכט דיך אין גאַסן,
געפרעגט ביי די שטערן, וואָס שיינען,
געפרעגט די לבנה די בלאַסע,
די וואַנדערנדיקע ציגיינער.

עס האָבן די גאַסן געשוויגן,
די נאַכט האָט מיט אָטעם געלייערט,
דער הימל, אַ פולער מיט ליכט,
געדרעגנט מיט טויט האָט און טרויער.
אַ מחנה ציגיינער ביים פייער
געשענקט האָט מיר טרייסט און אַנטריניונג.
— איר וואָגלער און ברידער געטרייע,
ווו וועל איך מיין שוועסטער געפינען?...

עס פלאַקערט דאָס פייער מיט פלאַמען,
עס נייגן זיך קעפ צו דעם דרימל,
און ס׳פליסטערט די נאַכט מיר: שולמית,
קער אום זיך, עס איז שוין באַגינען.

— — — — — — —

שולמית לעבט אייביק אַ יונגע,
שולמית — די מענטשלעכע ליבע —
חלומות פון דורות, וואָס קלינגען
פאַרכישופט אין יידישע לידער — — — —

ז. * * *

נישט יעטוועדע צייט איז א גלייכע,
נישט יעטוועדער טאג איז אן ליידן,
נאר דער מענטש איז רייכער פון רייכע,
ווער ס'זעט אויך אין וואכיקייט פריידן.

פאראנען טעג גרויע און טריבע
און דאך פול מיט פרייידיקער ארבעט,
און שווער איז באווייזן אין לידער
ווי שיינע זיי זענען, ווי פארביק.

ווייל חאס, וואס איז נעכטן געווען נאך
גאר ווייט און כמעט נישט דערגרייכלעך,
ווערט היינט שוין גאנץ פשוט געוויינלעך,
און מארגן וועט זיין עס נאך לייכטער.

פארביי איז דאס ערגסטע און שווערסטע.
ווי בלומען זיך הייבן די מענטשן.
פארביי איז דער שטורעם, מיין שוועסטער,
ביסט שיין, און דאס לעבן געבענטשט איז.

ז, * * *

שולמית באפרייטע פון קראטן,
פון ליבעס די ליבשאפט די שענסטע, —
האסטו עס מיין הארץ מיר צעפלאטערט?
צי גאלדענע פאווע ביים פענצטער?

און אפשר ביסטו בלויז א חלום,
וואס וועט ביים דערוואכן צערינען?
דיך צערטלען איך וויל אין די ארעמס,
אין וואר דיינע ליפן געפינען.

שולמית מיט טונקעלע ברעמען
מיט אויגן באַפרייטע פון ליידן,
ווי לאַנג וועסט פאַר מיר זיך נאָך שעמען?
שולמית, וואָס קאָן אונדז נאָך שיידן?

אין וואַלד כ'האָב געזען היינט אַ וואונדער,
וואָס האָט אַזוי פלוצעם חערפרייט מיך:
אַ נעסט פול מיט פייגלשע קינדער,
די מוטער מיט פליגל צעשפרייטע...

דיין קערפער איז רייף שוין, שולמית,
מיט ריינקייט פון שניי־ווייסע גלידער.

— — — — — — —

עס זינגט ווו ביים וויגל אַ מאַמע
„דאָס ליד איבער אַלע לידער"...

# אָ, סטעפּעס...

אָ, סטעפּעס איר ברייטע, ביווּאָלגישע, גרינע,
פֿאַרצייכנט איר זענט נאָך ביז היינט אין מיין זינען,
איך זע אייך נאָך שטענדיק אין מיינע געדאַנקען,
איך וויל אייך באַגריסן, איך וויל אייך באַדאַנקען,
איך וויל אייך באַזינגען פֿאַר שיינקייט און רחבֿות,
פֿאַר פֿריינדשאַפֿט, וואָס איך האָב געפֿונען ביי אייך בלווית.

דורך ימען פֿון גרינקייט, דורך בלומיקע מענגעס,
די וואָלגע ידי ברייטע, זי שטראָמט ווי א סטענגע,
עס ציען פֿילפֿאַרביקע פֿייגל אין טשאַטעס,
דו הערסט זייער זינגען און פֿליגל־געפֿלאַטער,
דער ווינט וויגט די פֿעלדער און שעפּטשעט זיי עפּעס,
און ס'דרימלען אין וואַרעמען זון־שיין די סטעפּעס.

עס טראָגט זיך גאַלאָפּ און געשווינד, ווי אַ פֿייער,
מיין דינפּיסיק פֿערדל, מיין פֿערד דאָס געטרייע,
עס שפּרינגט און עס הירזשעט, ידי גריווע צעבלאָזן —
אַנטלויפֿן פֿון נאָרעס די פֿיקסלעך און האָזן,
עס שמייסט אונדז דער וואַרעמער סטעפּ־ווינט אין פּנים
מיט טרוקענעם אָטעם און ריח פֿון בלומען.

סע פֿאַשען זיך שעפּסעלעך, סטאַדעס שניי־ווייסע,
עס ניגן זיך פֿעטע קאָלכאָזישע ווייצן,
טאָמאַטן זיך רויטלען, עס רייפֿן מעלאָנען

און דיניעס מיט פנימער ווי די לבנה,
עס טריקענען פרישע געקאָשעטע הייען, —
הער, פרייט זיך דאָס האַרץ און די אויגן זיך פרייען.

אָ, טראָג זיך מיין פערדל, אַ טראָג זיך געשווינדער,
איך טאָר נישט די צייט איבערפירן אַצינדערט,
די פרוכט פון מיין אַרבעט איז ליב מיר און טייער.
עס זינגען אין סטעפ די חברים געטרייע,
זיי זינגען, אין פרייד און אין ארבעט פאַרבריִדערט —
דער פוילישער ייִד מיט זיין רוסישן ברודער.

---

אָ, סטעפּעס איר ברייטע, בייִראָלגישע, גרינע,
פאַרצייכנט איר זענט נאָך ביז היינט אין מיין זינען.
ביי אייך כ'האָב פאַרגעסן פון נויט און פון עלנט,
ביי אייך כ'האָב די פרייד פונעם לעבן געלערנט.
און שטענדיק איך וועל אייך אין מיינע געדאַנקען
באַגריסן, אין לידער אייך האַרציק באַדאַנקען.

# ביים קבר פון א רויטאַרמייער

ב׳געדענק דעם סעפטעמבער אין אימה,
דעם חודש פון טויט און פון בראַנד, —
פאַרגעסן עס וועל איך נישט קיינמאָל,
ווי דו האָסט דערלאַנגט מיר דיין האַנט.

דיין פרוי איז געווען מיר א מאַמע,
און ס׳האָט מיך געטוליעט דיין היים,
ווען פוילן געווען איז אין פלאַמען,
און מיך האָט געזוכט האַרט דער פיינט.

און שפּעטער: (ס׳טוט ווי דאָס דערמאָנען)
געפלאָסן האָט ווידער דאָס בלוט,
דער פיינט האָט מיט גרויל און מיט קברים
געצייכנט זיין מערדער־מאַרשרוט.

די וועלט איז געשטאַנען א שטומע,
די נאַכט איז פון בראַנד געווען העל.
נאָר ס ט א ל י ן — געשטאַרקט האָט דער נאָמען,
צום זיג האָט געפירט זיין באַפעל.

און סטאַלינס אַרמיי די געטרייע
באַפרייט האָט מיין לאַנד און מיין שטאָט,
און טויזנטער האָבן פאַר פרייהייט
מיט אייגענעם לעבן באַצאָלט.

אין וואַרטן ווער זאָל שוין קומען,
געקושט האָט די מוטער זיין בילד —
זיין קבר אין פוילישע בלומען
די ערד די באַפרייטע פאַרהילט.

די האַרבסטיקע ערד איז א קאַלטע,
ס׳איז קיל דער מאַרמאָר און גראַניט.

---

עס לעבן אין הערצער געשטאַלטן,
וואָס קיינמאָל פאַרגעסט מען זיי נישט.

# דער קרייז פון דעם נאַפט־לאָמפּ

פון טרעפּטשע און יאַבלאָנע די יידישע פויערים,
פון סראַגעוו און פּלאָנריץ די יידן גבורים,
מיט זיבעציקעם לאַנגע צווישן די ציינער —
געאַקערט, געזייעט, אין וואַלד געהאַקט ביימער;
אין פּוילישע דערפער זייט דורות געזעסן
און ווינטער־צייט האָבערנע פּלעצלעך געגעסן,
ווי ליב איך דערמאָן זיי...

די מיעדזעס און סטעשקעס און דאָרפישע וועגן,
פאַרגרויטע פון פראָכן, צעווייקטע פון רעגן,
די כאַטעס פאַרהוויקערט, מיט שטרויען באַדעקטע,
דעם יויזל ביי וועגן מיט הענט אויסגעשטרעקטע,
די האָרפישע עולן און יינגלשע זאַרגן —
איך טראָג זיי נאָך אַלץ אין מיין האַרצן פאַרבאָרגן.

די שטיבער אָן קוימענס, די אַלקערס אָן דילן,
אין קרייז פון דעם נאַפט־לאָמפּ די אָרונטן שטילע,
קאַרטאָפל געקאָכט אין די שאָלעכץ־מונדירן,
די מאַמע, זי פלעגט זיי מיט זאַלץ אונדז סערווירן
און שטיל מיט אַ שמייכל אונדז צורעדן עסן —
ווי קאָן מען דעם האָזיקן שמייכל פאַרגעסן...

מיין פריינדשאַפט די ערשטע מיט פּוילישע קינדער,
די פריינדשאַפט, וואָס דויערט געטריי ביז אַצינדערט,
מיין ערשטער ראָמאַן, דער צעציטערט־געהיימער,
מיט זאָשען, דער טאָכטער פון אונדזערע שכנים,
(איר פאָטער געווען איז אַ ברודער מיין טאַטן...)
ווי קאָן מען אַזעלכע זכרונות פאַראַטן?...

דער נאַפט־לאָמפּ פון אַלקער איז לאַנג שוין פאַרלאָשן,
דער פיינט האָט די היימען מיט טאַנקען צעדראָשן,
אפילו די קברים אויף פעלדער צעגראָבן —
דער ווינט האָט די אַש צעזייט און צעטראָגן;
פון יידן פון טרעפּטשע, פון סראַגעווער יידן
בין איך אַן איינאיינציקער איבערגעבליבן.

איז האָב איך געירשנט פון דורות פון לאַנגע:
עקשנות און פּשוטקייט אין די פאַרלאַנגען,
די ליבע צום לאַנד פון מיין טאַטן און מאַמען.

---

דער קרייז פון דעם נאַפט-לאָמפּ איז היינט אַ דערמאָנונג,
וואָס רופט מיך אַהין, ווו מיין וויג איז געשטאַנען,
אַהין, ווו דער ציל פון מיין לעבן פאַראַן איז.

# דערמאָנונגען

די שטאָט האָט מיך געלאָקט מיט צויבער און עלעקטרע,
מיט טורעמס שטאָקיקע פון הייזער.
עס האָט איר רויש געכישופט און געוועקט מיך
מיט אומרו פון דער ווייטקייט און פון רייזעס.

איידן הערבסט געפלויגן זענען ווילדע גענדז אויף דרום.
חדשים לאַנג האָב איך געוואַרט אויף זייער קומען.
די ווערבע בלויז, מיט צווייגן ווי אַראָפּגעלאָזטע אָרעמס,
די וויינענדיקע ווערבע בלויז פאַרשטאַנען האָט מיין אומעט.

טאָפּאָליעס איינזאַמע מיט שמאָלע האַרע אַקסלען,
פאַרלוירענע אויף טריבע פעלדער ווי אבלים —
די זון האָט זיי געוועקט צום גרינען און צום וואַקסן,
נאָר ס'האָבן וואָרצלען זייערע געשמאַכט אין שטיינערדיקע טאָלן.

קאַרג ביסטו געווען — אונדזער מאַמע היימערד!
און שוואַרץ דער ביסן ברויט, וואָס פלעגסט אים שפּאָרן.
ווי אַ שטיפמאַמע געוואָרפן האָסט אונדז שטיינער
און ווי פאַרפלאַנצט אויף וועגן אונדזערע און שפּורן.

און דאָך — האָט האַרץ דאָס נאַרישע פון פייער! —
אין איינגעבויגענע, מיט שטרוי באַדעקטע שטיבלעך
פלעגן צו דער היימערד רעדן ליפּן שמאַכטנדיקע, גרויע:
— ביסט שלעכט, ביסט קאַרג, נאָר כ'ליב דיך...

ס'איז שווער זיך אָפּצורייסן פון דיין נאָפּל, היימדאָרף —
דער בלעטערפאַל באַגלייט מיך. ס'גייען נאָך מיר ביימער־שטאַמען.
שווער איז די צעשיידונג. און ווער ווייסט דאָרט?
כ'נעם מיט די טרערן, וואָס פאַרגאָסן האָט מיין מאַמע.

# מיין מאמע רעדט צו מיר

דו האסט מיך, מיין קינד, היינט גערופן אין שלאף,
האב איך פון דער ווייטן דיין פליסטער דערהערט.
פון היין א צעפלאמטער געווען איז דיין גוף,
אין ווינקל פון אויג האט געגליווערט א טרער.

איך האב זיך געזעצט אויף דעם ברעג פון דיין בעט,
אזויווי אמאל אין דער היים אויף דער וואר,
און כ'האב דיר די באקן פארווייניטע געגלעט
און כ'האב דיר געקושט די צעשויבערטע האר,

און אזוי ווי מע רעדט צו א קינד וואס איז קליין,
גערעדט כ'האב צו דיר און געשטילט דיין געוויין.

און דו האסט מיט צארטקייט מיין פנים בארירט
און דו האסט געבעטן זיך: „מאמע, פארבלייב...
זאלסט וויסן ווי שווער ס'איז צו לעבן אן דיר,
איז האלסטו מיך קיינמאל שוין מער נישט פארלאזט...“

און אויפגעוועקט האט זיך מיין קינד מיט געוויין.
מיין זון... כ'וועל דיך קיינמאל נישט לאזן אליין.

# אינדערפרי פאר דער ארבעט

דער שלאף פון פרימארגן איז שטענדיק א זיסער, —
איז גייט מען אויף נעגל, דאס קינד נישט צו וועקן.
די בלומען אין גערטל מען מוז נאך באגיסן...
סע פארזעט די פרוי זיך, דאס פרישטיק שוין גרייט איז.
איצט קאן מען דעם טאבאק אין טאש אריין שטעקן,
און... בלייבט מיר געזונט, ווייל איך האב נישט קיין צייט איצט.

פאר מיר איז די שענסטע די שעה פון באגינען. —
פון קוימענס פון הויכע — גיגאנטישע רייען
די טונקעלע רויך-צעפ זיך הייבן צום הימל,
עס פייפט א סירענע, א צווייטע, א דריטע,
עס קלינגען אין גאסן די ערשטע טראמווייען,
שפאציען דערוואכן אין רויש און אין ציטער.

די גאסן מיט אפהילך פון טריט זיך פארפילן,
מיט ארבעטער-שטימען אנטשלאסענע, הארבע.
אין ווערטער פארפרעסט איז דער תוך פון געפילן:
דערציילט ווער פון קינדער, וואס זענען אין שולן,
דערציילט ווער פון פליענער, דערציילט ווער פון ארבעט...
אין ווערטער אינטימע עס קלינגט דאס ווארט: שלום.

א כוואליע פון מענטשן נעמט שטראמען אין גאסן
צו הויכע „קאשטשישקא", צו „זאבזשע", צו „בעלהאן".
ווערט פול דער טראמוויי מיט געלעכטערן, שפאסן...
— זייט וויסן, אז היינט זענען מיר באלעבאטים!...
...און ס'גייט אן ארמיי פון טאג-טעגלעכע העלדן,
די שטארקסטע ארמיי — פון די שלום-סאלדאטן.

# ארבעטער

זיי האבן שארסטקע הענט און פינגער,
און פויסטן פון דער ארבעט הארטע.
זיי פליען אין דער צייט פון הונגער
מיט קאמף זיך טרייסטן, מיט דערווארטונג.

פון דאנעט נעמען זיך די קנייטשן
אויף ארבעטער־געזיכטער שטרענגע,
און גראע פאסמעס אויף די שלייפן,
און רוקנס — איינגעבויגן שטענדיק.

ווער קאן דען אויסמעקן דעם נ ע כ ט ן?
עס בלייבן אפן אלטע ווונדן, —
נאר מיט היעם עובר זיך פארפלעכטן
די טעג, וואס קומען אן מיט ווונדער.

— דו פרעגסט, ווי אלט איך בין? נישט וויכטיק.
אין גליק קאן אויך א זקן זינגען.
צו פרי פארעלטערט מיין געזיכט איז —
כ'ווער מיט איעדן טאג היינט יינגער.

## דערפֿאַר

דערפֿאַר ווייל הונגער און פּיין כ׳בין געגאַנגען,
דערמאָן איך מיין יוגנט און הער אירע קלאַנגען,
און ס׳מישט זיך דער הוסט פֿון מיין טאַטן צוזאַמען
מיט טיפֿן געוויין פֿון מיין אָרעמער מאַמען.

איך הײַנט, ווען דאָס לעבן איז שענער און בעסער,
איך וויל נישט און קאָן נישט דאָס עבר פֿאַרגעסן.
אין האַרץ און אין אויג כ׳האָב דעם עבר פֿאַרשריבן,
כאָטש ס׳איז שוין דאָס שלעכטע אויף תּמיד אַריבער.

און ווייל כ׳בין געגאַנגען דורך פּיין און דורך הונגער,
דערפֿאַר קאָן איך שעצן מיין גליק פֿון אַצינדערט,
און כ׳האָב צו דער שבֿועה מיין אָרעם געהויבן:
ס׳וועט קיינער מיין גליק און מיין שלום נישט רויבן!

# טעג

עס זענען מײַנע טעג געגליכן צו א גאָרטן בלומיקן,
וווּ ס'וואַקסט די רויז צוזאַמען מיטן דאָרן, ווי א צווילינג.
פּיאָלקעס בליִען אונטער קיפּאַריסן אומעטיקע,
און ס'שפּראָצן פון דער ערד אַרויס די נײַע פרילינגס.

און קלינגען קלינגען זיי, די טעג און יאָרן מײַנע,
אַזויווי דאָס פּרימאָרגן-ליד פון פּאַסטעכס פלייט.
די עטלעכע זייערע, זיי קלאָגן זיך פאַר מיר און וויינען,
נאָר נײַע טעגער קומען אָן, שוין פול מיט פרישער פרייד.

איך גאָר צו זיי, די נײַע טעג די פריידיקע,
ווי ס'גאַרט אין ווייטן מאַרש דער וואַנדערער צום טרונק.
זיי שרייבן אונדזער דאַווין אין דער אייביקייט.
זיי מוטיקן און מאַכן ווידער יונג.

טעג — ווי שטופּן אויף אַ שליאַך אָן אָפּשטעלן צום ציל,
וווּ ס'וועט דער קאָמוניזם אונדזער מי באַקרוינען.
טעג — וואָס ברידערן צוזאַמען אונדז אין מענטשלעכסטן געפיל
און ברענגען פון די הענט אַרויס דאָס אַלץ, וואָס הערצער טרוימען.

# פרילינג

נאָך קיינמאָל איז דער פרילינג נישט געווען אזוי ווי הייאָר —
אין גאַרטן בליען ווייִנשל. פון פון שנייען?
עפּלביימער הילן איין זיך אין געבלי ווי אין אַ שלייער —
אַ ווייס געזאַנג פון יונגן בלי —
אַ בלחמענדיק ליד.

# זומער

ס'האָט געטעמט דער גאָרטן מיט שטילקייט און רו.
און דיין פּנים געשמייכלט האָט העל:
— זע, ווי דער הימל איז נאָענט און בלאָ,
ווי א געצעלט.

און כ'האָב נישט געוווּסט, צי ס'איז וואָר, צי א מעשה:
די זון איבער אונדז אין זעניט איז געשטאַנען,
אַרום און אַרום איר די וואַלקנדלעך ווייסע,
ווי שוואַנען.

ס'האָט דער תּמוז מיט פרוכטן באַהאָנגען די צווייגן,
די רייפקייט פון גאָרטן האָט א ווינטל געוויגט,
און איך האָב געפונען אין דיר און דיין שווייגן
א ליד.

# דאָס ערשטע

די סאַמע שענסטע בלום וואָס בליט,
איז די, וואָס שפּראָצט אין פרילינג־צייט.
די ערשטע קינדערישע שריט —
דער מוטערס גרעסטע זיסע פרייד.

דאָס ערשטע בוך, דאָס ערשטע ליד —
די אָנהייב פון דעם אומבאַקאַנטן.
די ערשטע טרער צום שטאַרקסטן בריט,
ווען ס׳האַרץ פון בענקשאַפט צעפלאַמט איז.

דער ערשטער זון־שטראַל אין פרימאָרגן
פילט אָן מיט מוטיקייט און שטאַרקט,
ווען ס׳ווערן אייגן פרעמדע זאָרגן,
און גרייט צום קעמפן איז דאָס האַרץ.

די ערשטע יאָרן פון דער רייפקייט —
ווי רייפע עפּל אויף אַ בוים,
ס׳דערנענטערט זיך איעדע ווייטקייט,
עס קאָן דאָס האַרץ נישט קיין שום צוים.

— — — — — —

ס׳איז יונג דאָס אויג פאַרויס געווענדטע,
און דער געדאַנק, וואָס הייבט זיך הויך.
די פרישע יוגנט איז די שענסטע,
נאָר שיין איז אונדזער רייפקייט אויך.

# צום שאָטן פון...

די ליבע אויגן, מילדע
פון דיינע אַלטע בילדער — —
זיי קוקן אָן מיר און דערמאָנען מיר מיין גליק.
לעב אויף אין מיינע לידער
און קום צו מיר היינט ווידער,
פאַרשיכור מיט דערמאָנונגען מיין בליק.

מיר וועלן גיין צוזאַמען,
מיט טאַטן און מיט מאַמען,
מיט גוטע פריינד און קרובים אָן א צאָל.
מיר וועלן גיין און קוועלן,
דורך גרויסער פרייד און העלער,
דורך טעג, וואָס זענען שענער פונעם גליקלעכסטן אַמאָל.

די פרילינגס קומען
אין זיסן דופט פון בלומען,
נאָר דו מיט מיר וועסט קיינמאָל שוין נישט זיין.
כ'וועל שטענדיק דיך געדענקען
און שטענדיק צו דיר בענקען,
צום שמייכל דיינעם, צו דיין יונגנטלעכן חן.

# ליבע

כ'האָב ליב אין לעבן גיין מיט שמייכל
און אויפנעמען אין יעדן קלאַנג
דעם אָנזאָג פון אַ קומענדיקער פרייד.

כ'האָב ליב דאָס גוטע וואָרט,
דעם מענטש, די פרוכט פון זיינע הענט,
דאָס ווערק, וואָס ס'וועט נישט אָפּווישן די צייט.

כ'האָב ליב דאָס לעבן און דעם דראַנג פאָרויס,
וואָס לאָזט נישט גיין צוריק
און לאָזט נישט בלייבן שטיין.

כ'האָב ליב דאָס אַלץ, וואָס לעבט און דויערט,
די קילע שטילקייט פון דער נאַכט,
די וואַרעמקייט פון זונען־שיין.

כ'האָב ליב דעם קאַראַהאָד פון שמעטערלינגען,
דעם פאַרבן־פעכער פון דעם רעגנבויגן,
רויטע רויזן, מאַרגאַריטקעס ווייסע,

די שוואַרצע הוימעיר,
דאָס וואָרקען פון די טויבן,
דעם אָטעם פון דער ליבע, שטענדיק יונגער, הייסער.

# באַגעגעניש מיט א חבר

מיר האָבן זיך ווידער נאָך יאָרן באַגעגנט,
די זעלבע צוויי פֿריינד, נאָר אין אַנדערע צייטן.
כ׳דערמאָן זיך חלומות פֿון יוגנט, וואָס פֿליען
אונדז שטענדיק אין דראַנג צו דער צוקונפֿט באַגלייטן.

באַוואָפֿנט מיט טרוימען מיר זענען געשריטן,
מיט הערצער צום אָפּפֿערן גרייט אין די ברוסטן;
באַוואָפֿנט מיט שטאָלצקייט מיר האָבן געליטן,
געצאָלט פֿאַר נצחון מיט טויזנט פֿאַרלוסטן.

נישט איינער געפֿאַלן אין יוניקע יאָרן.
כ׳געדענק נאָך דעם שמייכל פֿון יונגע געזיכטער;
זיי בלייבן אויף שטענדיק ביי אונדז אין זכרון,
פֿאַרשריבן אויף תמיד אין אונדזער געשיכטע.

געווען זענען יאָרן, ווען מיר פֿליען וועלן
די מאַרשן פֿאַראיילן, די וועגן פֿאַרשלינגען.
געקאָנט האָט נישט קיינער דעם וועג אונדז פֿאַרשטעלן
און מיר זענען שטענדיק פֿאַרבליבן — די יונגע.

פֿאַראַן נאָך פֿיל אַרבעט, פֿאַראַן נאָך פֿיל מיען;
מיר שטרעבן פֿאָרויס און מיר גייען פֿאָרויס נאָך.
אין הערצער — די טרוימען די זוניקע גליען
און טוען דעם טאָג אָן אין גליק און אין גרויסקייט.

ס׳איז גוט אַט אַזוי זיך די יוגנט דערמאָנען,
פֿון עבר פֿון שלאַכטן דערציילן אין פֿרייד.
מיר האָבן נישט ווייניק געליטן צוזאַמען,
מיר וועלן אין פֿרייד זיך שוין מער נישט צעשיידן.

## און ווען איך וועל שוין מוזן...

און ווען עס וועט מיין צייט שוין קומען,
— נאָך ווייט, נישט היינט־געדאַכט, נאָך ווייט —
איך וויל, עס זאָלן בליען בלומען,
אַזוי ווי זיי בליען אין חודש מאַי.

מעג זיין אין שיינעם חודש מאַי,
צי שפּעטער אין דעם הייסן זומער,
נאָר ס׳זאָל אויף דער לאָנקע שמעקן דאָס היי,
און אויפן דאַך דער קימל.

— אַ מענטש אַ דימענט, שטיל־באַשיידן... —
וועט עמעץ געבן שטיל אַ זאָג
און וועט מיך שיקן אין גן־עדן
אין דאָזיקן זומער־טאָג.

גלייך אין גן־עדן, צום טאַטן און זיידן,
האָרט האָט דער פעטער אַ שראַנקן,
און די מומע חנה האָט זיבן מיידן
אַלע אַלטע און קראַנקע.

מיין פרומע באָבע וועט זיך צעוויינען
און זאָגן צום זיידן אַזוי:
— לאָז אים לעמאַנעשעם נישט אַריין דאָ,
ער איז איז דאָך אינגאַנצן אַ גוי...

עך, צום טייוול! זומער, צי ווינטער —
וואָס איז דען דער אונטערשייד?
וועך מיר בית־עולם! וואָס מיר צווינטער?
כל־זמן ס׳איז דאָס האַרץ נאָך נישט מיד!...

# איז וואָס, אַז ס׳זענען מיינע האָר...

איז וואָס, אַז ס׳זענען מיינע האָר שוין גראָ,
ווען ס׳זינגען אין מיין האַרץ נאָך יונגע לידער,
און ס׳ברענגט איעדער נייער טאָג די פרייד פון וואָר,
ווען ס׳גייט די זון אויף יעדן טאָג אויפסניי אוןווידער...

איך וויל נישט, צייט, פאַרהאַלטן דיך אין לויף פאָרויס.
מיך פייניקט נישט דער פחד פאַר נישט־זיין
און ווי אַמאָל איך גיי היינט ווידער באַרגאַרויף
כאָטש ס׳איז מיין יוגנט שוין פאַרביי...

# דורך רייַנעם האַרץ

ס'וועט אפשר דויערן לאַנג, ביז ס'וועלן ווערטער רייף זיין
און גרייכן צו דער גרויסקייט פון דער צייט;
ביז ס'וועט זיך אָפּשפּיגלען אין זיי מיט דיכטערישער רייַכקייט
די העלדישקייט פון פאַקטן, איז נאָך אפשר זייער ווייט.

איז אפשר דאָס טאַקע דאָס וווּנדערבאַרע און דאָס שענסטע,
אַז ס'קומען אָן די טאַטן פריער פון די ווערטער? —
ווער ס'קוקט דורך רייַנעם האַרץ, ווי דורך אַן אָפן פענצטער,
דער פילט די הערלעכקייט פון נייע ווערטן.

ווער ס'קוקט מיט אויגן אָפענע, מיט גוטע און גערעכטע,
דער שטייט נישט אין אַ זייט, ווען ס'בליט אַרום די אַרבעט.
ווער ס'גייט מיט אונדז אין מאַרש, באַדויערט נישט דעם נעכטן.
פאַר אונדז שייַנט אויף דער מאָרגן, ווי אַ רעגנבויגן פאַרביק.

ווער ס'גייט מיט אונדז פאָרויס, דער שרעקט זיך נישט פאַר שונאים,
וואָס צישען נאָך מיט צונגען שלאַנגיקע אַנטמעכטיק.
דער פעסטער טראָט פון פאָלק צעקוועטשן וועט דעם וואָרעם.
דער זיג פון דעם, וואָס גוט איז, ווערט אַ יעדן טאָג באַפעסטיקט.

עס בויט דער פּראָסטער מענטש אין וואָר זיין לאַנג געהאָפטן חלום
און גרייכט מיט מוטיקייט און כוח צו דער הייך.
עס קאָן נישט קיין שום זאַך געשאַפן ווערן אָן אים.
ס'קלינגט אמתדיק: חברים, ס'איז דער קוואַל פון קראַפט — אין אייך...

# קינדער

אין אונזער היימלאַנד
איז דער שמייכל פון קינדער,
אַזויווי דער הימל,
אַ לויטערער, ריינער.

אין יעטוועדן קינדערש געזיכטל באַזונדער
צעבליט זיך די יונגשאַפט
מיט טויזנטער חנען.

צעבליען זיך בלומיקע קנאָספּן אויף סקווערן,
און פול מיט אַ יונגען געלעכטער דער פּאַרק איז.

אַ קינד זאָגט:
„ביין יאָר איך וועל איינגיכן ווערן,
אַזויווי מיין היימלאַנד...
איך וואַקס און ווער שטאַרקער"...

עס שרייבן די קינדערשע פינגער היינט ברייוולעך
צו קינדערשע פריינד
אין קאָרעע און כינע.

עס קלינגט אין די פּשוטע זילבן די ליבע,
דער ווילן פון קינדער —
דעם שלום געווינען!

# מיר זענען וואַך

מיר זענען נישט געווינט פאַר שווערקייטן זיין נתפּעל
און אין נצחון — מיט היסע לויבגעזאַנגען זיך פאַרוויגן.
די קראַפט, וואָס פאַראייניקט אונדז, איז שטאַרק ווי שטאָל.
דעם גליק פון מענטשן טראָגן מיר אַנטקעגן אַלע זיגן.

מיר קענען נישט צעווישן האַרץ — פאַרשטאַנד קיין סתירה.
מיט טאָטן זויקע מיר שרייבן אונדזער ליבשאַפט אויף די פאָנען.
ס'באַוואָפנט אונדז די ליבע מיט אַנטשלאָסנקייט און גבורה;
עס שטיקן זיך פאַר איר אין האַס די שונאים.

מיר זענען וואַך און היטן אָפּ דעם שמייכל פון די קינדער,
מיר היטן אָפּ דאָס פעלד, דעם גאָרטן און דאָס הויז.
האָס אויג, וואָס וואַכט, דערקענט דעם מערדער און דעם אונטערצינדער,
דער שלאַנג, וואָס פויזעט, רייסן מיר פון מויל דעם גיפט אַרויס!

צו פרידן בענקען קאָנטינענטן. עס גאַרט דער באָדן צו פאַרזיי,
און ס'וואַרטן אויף געבענטשטער מיטערשאַפט די פרויען.
ווי שיין איז דער געבאָט פון שלום און פון אונדזער צייט:
זייט וואַך! אויף שיינקייט פון דער וועלט דער שונא לויערט...

# די צייט פון דער פריינדשאַפט וועט קומען

די צייט פון דער פריינדשאַפט וועט קומען
מיט פרייד און גליק צו די לענדער.
ס'איז שלום — דער ווונדער פון זאַמען,
וואָס קיינער אים קען נישט פאַרלענדן.

ער שפּראָצט איבער פעלדער און ימים,
ער בליט אויף די פינף קאָנטינענטן,
אויף ליפּן פון קינדער און מאַמעס,
ביי פעלקער צום שלום פאַרבענקטע.

פעניאַן וועט אין אויפבוי באַקליידן
די חורבות פון הייזער און גאַסן.
דער מענטש וועט די וווּנדן פאַרהיילן,
דער מענטש וועט נישט קאָנען מער האַסן.

נאָר די, וועלכע גאַרן צום שלום,
די פשוטע פרידנס־אַרמייען —
זיי וועלן ביים מערדער דאַן מאָנען
דעם חשבון פאַר בלוט פון קאָרעע.

און ס'וועט אין אַ פרילינג פאַרשוווּמען
דער אָפּהילך פון ווערטער פון פרעמדע:
פיינטשאַפט, און אומרעכט, און שנאה —
די וועלט וועט פאַרגעסן אויף שטענדיק.

דורך בערג און דורך פרידלעכע טאָלן,
מיט מעכטיקן וואָרט פון דער ליבע —
געגריסט זייט, מיט פריינדשאַפט און שלום,
אויף פינף קאָנטינענטן, איר ברידער!...

## אינהאַלט:

זייט

### פּאָעמעס



### לידער